ROSA GUTMAN (V. JASNY)

# POEMS

LIDER

הויפּט־פֿאַרקויף:
„ציקאָ"־ביכער־צענטראַלע
25 East 78th Street, New York 21, N. Y.

---

PRINTED IN THE UNITED STATES OF AMERICA
MARSTIN PRESS, INC., NEW YORK
I. LONDON, *President*

# צוויי

צו ס.

צוויי פיס איבער שטייניקע וועגן און מאָכיקע גרונטן —
גייט איינער פאָרויס, גייט דער אַנדערער מיט.
צוויי פליגלען ביים פויגל — אַז איינער ווערט מיד,
זינקט דער צווייטער אַרונטער.

צוויי — זאַלבעגאַנד.

אַ וועלט מיט אומצייליקע צאָלן — אַ יעדע געצאַמט מיט אַ ראַנד.
צוויי איז מער.

צוויי איז מער —
צוויי איז איינס, ווי אַ טרער מיט אַ טרער
ווערט איין טרער.

# שוועסטעך מיינע

פויגל צוויי·פון איין געפעדער
פיעשטשען זיך אין טויאיק־גרינע סעדער,
טוליען זיך אין יעסענדיקע נעסטער —
איבער ים׳ען איז מיין שוועסטער.

אותיות צוויי פון זעלבן שפרוך
מיט זיין אייגן ניגון —
אינ׳ם אַלטן־אַלטן לוח,
וואָס אין טורעם־הויז מיט אומצייליקע שטיגן.

שוועסטער מיינע, טויב מיינע, פוך פון מיין פוך,
ניגון פון מיין ניגון,
אינ׳ם טורעם־הויז פון אַלטן לוח
פאַלן
בלעטער
אויף די שטיגן.

# עלטער־באָבע

עלטער־באָבע מיינע, צוויי יאָר אַלט,
אין פֿאַרגילבטער לופט פֿון יענע יאָרן,
אויפֿן בילד, דעם בלייכן, וואָס איך האַלט —
אור־אייניקל אירס, אַ צייט נאָך איר געבאָרן.

עלטער־באָבע, קליינע, אויף די קני
נעמען דיך און טוליען דיך, און היטן
פֿאַר דער לאַסט פֿון דורות, וואָס, דו אַנסט עס ניט,
וועלן דיך מיט זייער אַש פֿאַרשיטן.

עלטער־באָבע מיינע — לאַנג אַוועק —,
טרייסטן דיך און דיר דיין זיין פֿאַרגעבן,
ס'לעבן פֿון מיין באָבען און מיין מאַמעס לעבן,
און אפֿילו ס'אייגן בינטל טעג, —

— אור־אייניקל דיינס, כאָטש שפּעט נאָך דיר געבאָרן,
עלטער און אויך מידער אויף דריי דורות יאָרן.

# קליינע מאַמע

קליינע מאַמע איז געזעסן ביי מיין בעטל,
יונגע מאַמע האָט פאַרפלאָכטן מיר די האָר.
איצטער בלאָנדזשעט אַלטע מאַמע מיט אַ שטעקן,
גרויס איר שאָטן פאַלט אויף וועלטן־גאָר.

גרויסע מאַמע, בין איך ווידער קינד געוואָרן? —
כ'שלאָג זיך אָפּ אָן אומגעריכטע ווענט.
צו דיין שאָטן רייס איך זיך, פאַרלאָרן, —
אפשר זוכן גאָר דיין פאַרטוך מיינע הענט.

מאַמע, אַלע בריקן אויפגעריסן,
אויף זיין שטח יעדער שטייט אַליין,
יעדער האָט נאָר אָרט ביי זיך צופוסן
פאַרן אייגענעם געביין.

כ'לאָז דיך, מאַמע, איבער וועלטן גיין!

# איך בעט פֿאַר דיר

כ׳צי אויס די הענט צו ערגעץ אין אין־סוף —
צוויי פֿליגלען פֿון אַן עוף פֿאַר דער עקידה,
צוויי הענט צונויפֿגעאײנטע ווי מיר בײדע —
און בעט פֿאַר דיר.

דאָס קלײנע אויג, ווי פֿלאַך עס שאַרט זײַן בליק,
עס זעט ניט אויף דער אַנדערער זײַט טויער.
איך מאַך עס צו. כ׳פֿאַרמאַך דעם אויער —
ער הערט ניט ס׳שלײַכן פֿון אַ בליץ.

כ׳צי אויס די הענט צו ערגעץ אין אין־סוף,
וואו ס׳שפּראָצן די באַגינענס און פֿאַרבלײַכן חצותן.
איך נעם אַרום די פּיס פֿון מעסטער פֿון די מאָסן
און בעט פֿאַר דיר.

# אַ מענטש...

אַ מענטש מיט אַ גילדערנער באָרד
איז געגאַנגען אויף גאַסן.
ניט די זון, דאָס האָט ער
איבער לענג, איבער קווער
געשאָטן מיט קלאָרע, מיט ליכטיקע פּאַסן.

דער מענטש מיט דער גילדענער באָרד
איז ניטאָ, איז אַוועק, ווי דאָס פֿרילינגדיק וועטער.
— האָט ער עס געלויכטן? צי גאָר
די זון דורך קוים־אָפענע בלעטער?

***

און ווי אַ זון־זייגער בין איך, וואו ס'איז דיין שאָטן נאָך דער ווייזער.
איך ווייס, איך ווייס: געזאַמט־געזאַמט
וועט ער באַלד אויפהערן צו קרייזן,
און איך וועל בלייבן וואָס איך בין:
— אַ קליינער שטח שטויב און זאַמד.

# אַז עמעץ

אַז עמעץ גייט אַוועק,
בלייבט עמעצער אַ נישטיקער אַליין,
ווי אין אַ מויערוואַנט אַ פלעק
פון פעלנדיקן שטיין.

אַז עמעץ גייט אַוועק,
ציט עמעצער צונויף די טעג
און בויט אין זיי אַ שמאָלן, שמאָלן שטעג
פאַר זיך אַליין.

# אַ חלום

אַ חלום, וואָס איך האָב פֿאַרטרוימט שוין כמעט
מיט־אַ־לעבן־צוריק,
און געהאַלטן פֿאַרגעסן צווישן די שטויבן פֿון טעג
און פֿון נעכט, —
וואָס איך האָב פֿאַרטרוימט נאָך ביים ניעמאַן, ווען ער איז
געווען נאָך היימיש און עכט,

און, אַ מילדער, זיך צוימען געלאָזט פֿון אַ פּשוטער
הילצערנער בריק, —

דער חלום האָט אויפֿגעוואַכט הי מיטן כח פֿון פֿרילינגס פֿאַרזאַמטע,
אַ קינד פֿון לבנה, האָט ער אין דער זון, אין דער פֿרעמדער,
צעפֿלאַמט זיך,
זיך צעאָטעמט מיט לעבן, וואָס איז ניט געווען באַשערט.

— און געפֿאַלן אויף דר׳ערד.
און, פֿאַרשטופּט דורך פֿאַרבייגייערס וואָר,
זיך געלייגט ביי אַ וואַנט פֿון ניו־יאָרק
ווי אַ רעשטל צעריבן פּאַפּיר פֿון כמעט מיט־אַ־לעבן־צוריק.

# וואָס ווייסטו?

וואָס ווייסטו? — ס'איז אפשר געווען נאָר אַ קליינינקע רגע צו פרי,
און וואָלסטו מיך איצטער געפרעגט,
אָט איצט, ווען אַ גילדערנע האָר האָט אַ פינקל געטאָן
אויף דיין קני —
איך וואָלט אפשר אַנדערש געענטפערט ווען דו וואָלסט מיך
איצטער געפרעגט.

ס'איז גאָרניט, ס'איז גאָרניט, —
קאָן זיין, איך וועל מאָרגן שוין קומען צו דיר
אינדערפרי.

נאָר ערגעץ־וואו, נאָענט, קאָן פלוצים אַ קלאַפּ טאָן אַ טיר,
און ווידער קאָן זיין נאָר אַ קליינינקע רגע צו פרי.

# אין דער בלויקייט

אין דער בלויקייט בליען בלומען בלאַסע, —
ליבסטער, בלייב.
ס'איז ניט נעפל, ס'זיינען נעצן נאַסע,
וואָס עס וועבט דעם ווינט זיין וואַסער־ווייב.

ליבסטער, בלייב.
אין דער בלויקייט בליען בלומען בלאַסע, —
קלייב.

# פאַר דיר בין איך

פאַר דיר בין איך איין־איינציק, ווי עס איז געבליבן
איין־איינציק יענע גאַס אין יענער שטאָט, אין יענעם לאַנד,
וואו לאַנג צוריק, שוין זייער לאַנג,
בין איך געווען דיין ערשטע ליבע.

ניטאָ פאַר דיר קיין קנייטשן אויף מיין פּנים.
ס'איז נאָר אַ שלייער, וואָס באַדעקט מיין אייביק יונג געזיכט,
ווי עס פאַרציט אַ וואָלקן די לבנה,
נאָר הינטער אים שטראַלט בראשיתדיק איר ליכט.

ניט שוועסטער און ניט ווייב. איך בין פאַר דיר
איין־איינציק, ווי דער ציטער פון האַלב־קינדערשן באַריר,
שוין לאַנג צוריק, אויף יענער גאַס, ביי יענער טיר, —

ווייל האָט דען, זאָג,
צוויי ערשטע ליבעס ווער פאַרמאָגט?

# איך ווייס נאָך

איך ווייס נאָך, יוגנט מײַנע, דײַן געזיכט.
איך היט דײַן אָפּבילד אין דער טיף פֿון מײַנע אויגן.
מאַך איך זיי צו און ווענד דעם בליק אין זיך,
זע איך דיך קלאָר, קוים מיט פֿאַרגילבטער צײַט פֿאַרצויגן.

זאָל איך פֿאַמעלעך גיין, צי גאָר זיך ניט באַוועגן,
ס'זאָל טריפֿן שפּאָרעוודיק די צײַט אין מײַנע ברעגן?

זאָל איך מײַן לעבן טראָגן אויף די הענט, פֿאַר דײַנעטוועגן
געשיצט אין אַ לאַמטערן פֿון העלפֿאַנט־ביין? —
ווײַל זאָל עס אויסגיין, וועסט אויך דו פֿאַרגיין.

***

פונ׳ם וואַסער געלאָזט זי טראָגן,
צווישן שטאַמיקע פליטן,
צו ערגעץ ברעגן;

דורך די שפּאַלטן פון דראַבענעם־וואָגן
זי צעשאָטן אויף וועגן —
מיין היימישע ערד פון ליטע.

דאָרטן ליגט נאָך אַ פעלד, צעשניטן
אין ערלעכע שורות.
ס׳שטייט אַ פויגל־שרעקער אינמיטן,
אין אַ פויערשן היטל.

ער היט זי
מיט זיין גאַנצער גבורה —
מיין היימישע ערד פון ליטע.

# באַרג פון ישראל

א.

באַרג פון ישראל, רעשט פון חרובער אור־אַלטער
שטיינערנער בריק
צווישן הימל און ערד!
קלעטערט ווער
— אַ גרייז־גרויער, מיט יונגן געניק,
און ער שאַרט אויף דיין הויך, און ער קלאַפּט, און ער שווערט,
און ער מאָנט די פאַרלאָרענע אור־אַלטע בריק
צווישן הימל און ערד?

ב.

עס בליִען דייַנע אויסגעשפּרייטע פּאָלעס,
יעדער קנייטש פון יום־טובדיקן זייַד.
דעם הויכן רוקן אויסגעוועלבט אין חלל,
שטייסטו פאַר גאָט און לייַט.

די לופט איז קלאָר, ווי דורכגעזיפּט דורך אַלע זיבן הימלען,
אַז אויסגעהיט אין לויטערקייט זאָל זייַן
דער אָפּהויך פון אַמאָל־אַמאָל באַרירטע צימבלען,
דער ריח פון אַמאָל־אַמאָל פאַרגאָסן ווייַן.

פאַלט־צו די נאַכט, דער הימל וויקלט בלוילעך זיך פאַנאַנדער.
אותיות צינדן זיך פאַר דיר, ווי שטערן, אות נאָך אות.
בשורות צייטיקע זיי זאָגן־אָן דיר,
געוואויגענע אין וואָג, געמאָסטענע אין מאָס.

# אַ טויב, אַ באַזונטע

אַ טויב, אַ באַזונטע,
איבער שפּיציקן, האַרטן ניו־יאָרק.

שטיפט עמעצער אויבן — כאַפּט אויף אויף אַ שפּיגל
דעם שיין פון אַ מלאך׳ס אַ האָר,
און לאָזט אים אַרונטער,
ווי אַ טויב,
אויף די קאַנטיקע ציגל
פון שפּיציקן, האַרטן ניו־יאָרק?

וויגט אויבן אַ מאַמע איר ציטעריק קינד
און אַ יונגעטשקער ווינט
הויכט איר שמייכל פאַרטרערטן אַרונטער,
ווי אַ טוי,
ווי אַ טויב,
איבער האַרטן ניו־יאָרק?

# צווישן יאָ־וואָר און ניין

די פאַרשוואומענע שטאָטישע גאַסן
דערציען צום נעפּל, און בלייבן דאָרט שטיין
ביים פאָרהאַנג דעם בלאַסן
צווישן יאָ־וואָר און ניין.

דער הימל, אין כוואַליעס צעוויגטע,
פאַלט, אַ רייפער, אַראָפּ אויף דער שטאָט.
מיט די תפילות, פון דאַנען געשיקטע?
מיטן „טעלער פון הימל״? מיט גאָט?

און אַהינטער דעם פאָרהאַנג, דעם בלאַסן,
שיינט די זון גאָר פון אונטן אַרויף?

די פאַרשוואומענע שטאָטישע גאַסן
ווערן קירצער און קירצער,
און הערן באַלד אויף.

# אַ טויב

אַ פאַרטאַיעטער דראָט פון די דראָטן, וואָס צוימען דעם הימל,
פון אַ שטאָטישן טורעם אַ שפּיץ, צי אַ שניידיקע שויב
האָט געטראָפן די טויב
און אַראָפּגעטריפט, טויט,
אינ׳ם שטויב
פון׳ם גאַסן־געווימל.

רעשטלעך הימל נאָך אַלץ צווישן פעדער און פעדער פאַרקלעמט,
אירע פליגלען צעוואָרפן, ווי אָרעמע, פשוטע הענט,
אַרויף־צו געווענדט.

# האָגל

האַגל, האָגל . . עמערוויז, מיט אימפּעט, מיט ראַש . .
שנייאיק־ווייסע קרעלן, צעשאָטענע מיט כּעס.

שוועסטער אויבן, בייזערסט זיך, לאָזסט זיך גאָרניט ריידן,
און דיין צאָפּ, דער גילדערנער, שמייסט דעם הימלס רוקן.
שוועסטער אויבן, האַרציקע, האָט דיך ווער באַליידיקט ?
האָט דיך עמעץ אָנגעקוקט ווי מען טאָר ניט קוקן ? —

בויג איך אויך מיין קאָפּ אַראָפּ, לאָז אַראָפּ די אויגן,
מיט אַ כמאַרנעם וואָלקנדל ווער איך אויך פאַרצויגן.

שוועסטער, ליבע, האַרציקע, וואָס זאָל איך דיר מאַכן ?
וואָל זאָל איך דערציילן דיר, דו זאָלסט ווידער לאַכן ?

# די ווייטע לבנה

די ווייטע לבנה, האָט זי שוין געהערט,
אַז אָט וועט זי ווערן פאַר זיך אַן ערד? —
ניט מער אַ לאָטאָס־בלום, צאַרט און פאַרקלערט,
נאָר אַ פּשוטע, גרויע ערד.

זי ווייזט היינט אַ האַלבן פּנים
און עס איז פאַרצערט און בלאַס.
די בלאָנדע, קאַפּריזנע לבנה,
וואָס קאָן זי נאָך אָפּטאָן פון כעס?

אַ קער טאָן אַראָפּ־צו איר אויבערשטן האָרן
און אַלע חלומות זינגט אָנהויב פון יאָרן
ווי שטויב אין די רוימען צעשיטן?

אָ, ניטע, לבנה, ניטע.

# די זון איז אויסגעברענט

די זון איז אויסגעברענט.
די פינצטער שמעקט מיט רויך.

אויף אַלע פיר זיך שטעלן, אַט אַזוי —
די ערד צו פילן מיט די הענט,
דעם וועג צו שפּירן מיט דער נאָז;
מיט ווילדן טראָט זיך טון אַ לאָז —
אויף גאָר דער גאָרער הוילער וועלט
דאָס אייגן בידנע שטיקל פעל.

נאָר ווי דעם חיה'שן געניק
אַ הויב טון אויפזוכן די שטערן?
ביים ליכטיק ווערן
ווי טון אַ בויג די ווילדע קני?

# ווי קאָנען מיר?

ווי קאָנען מיר ביי זיך אַליין געפינען גנאָדן?
ווי קאָן אונז ערגעץ נאָך אַ היילונג זיין באַשערט? —
ניטאָ קיין וועג צו אומקערן דעם שאָדן,
ניטאָ קיין פרייז צו מאָנען פאַר זיין ווערט.

פאַר צאָן אַ צאָן, פאַר אויג אַן אויג? וואָס קאָן דאָס מיינען? —
ניטאָ קיין צוויי פאָר גלייכע אויגן אויף דער ערד.
צי לייזט מען אויס דאָס קינדערש אויג, דאָס ריינע,
ווען מען דאָס ווילדע מערדער־אויג צעשטערט?

ווי נעמט מען זיי צונויף, די טויטע אברים, חושים,
ווי נעמט מען זייער לעצטע אימה איצט צונויף?
ווי הויבט מען אויף די לאַסט פון דער ירושה,
און לייגט זי אויף דעם מערדערס קאָפּ אַרויף?

עס וועלן דורות גיין און דורות וועלן קומען,
קינדס־קינדער וועלן זיין, און מערן זיך אין צאָל.
ווי פילט מען אויס דעם בלויז פון די, וואָס ליגן שטומע
מיט קינד און שטאַם אין קבר פון אַ פאָלק?

# אויב

אויב עס וועט אַ נייער מבול קומען,
לאָמיר, שוועסטערס, אַלע, פון אַ יעדער אומה,
זאָגן גאָט אין הויכן אָפּגעצאַמטן טורעם:

— ווען שלאָגסטו? — גרעזלעך שלאָגסטו מיט אַ שטורעם
פאַר זינד פאַר גרעזלשע, פאַר סטעזשקעס קרומע,
פאַר פלאָנטערס פינצטערע, וואָס דו האָסט זיי באַשערט,
פאַר וואָרצלען ווינציקע, וואָס טוליען זיך צו דר׳ערד
אויס ווייטקייט פון דיין פנים.

אויב עס וועט אַ נייער מבול קומען,
מיט אַ שוואַרצער מאָס וועט מען דעם אָפּצאָל מאָנען,
לאָמיר, שוועסטערס, אַלע, פון אַ יעדן לאַנד,
זאָגן גאָט:

— ווענד אָפּ דיין שטראָפנדיקע האַנט!

ווי אַ פעלד אַ חרובס טראָגט ניט אויס קיין קערן,
אונזער לייב פאַראבלט׳ס וועט פאַרזיגלט ווערן.
דו וועסט פראַוועז שבת פאַרן מדבר־ווינט
און דעם ים מיט דונערס שלאָגן פאַר די זינד.

# אַ האָז אין דער וועלט

א.

אַ פאַרבלאָנדזשעטער האָז אין אַן ענדלאָזן סטעפּ,
אָן אַ וואַנט זיך צו טוליען, אָן אַראָפּגענג, אָן טרעפּ,
נאָר אַ הוילער, אַן ענדלאָזער סטעפּ.

פון דער נאָענט דער האָז האָט אַ קאָפּ, האָט אַן עק,
און פון ווייטן — גאָר־גאָרנישט, אַ גרוילעכער פלעק.
נאָר אַ גרוילעכער פלעק אין אַ גרויליקער שרעק
רינגלט קרייזן און קרייזן, און קרייזן אין סטעפּ.

און דער הימל, ער פאַלט, ווי אַ מאַט־בלויער דעק,
שרויפט זיך צו איבער האָז, איבער קרייזן און שרעק.

אָ פאַרשלאָסענער האָז אין אַן ענדלאָזן סטעפּ.

ב.

אין פרימאָרגיקן טוי פון צעלאָזן קרישטאָל
שטייט אַ האָז אין די זאַפטיקע גראָזן פון טאָל.
שטייט אַ האָז אין דער וועלט, און די וועלט איז דעם האָז'ס,
און די זון לעקט זיין פעל, און באַפינזלט זיין נאָז,
שווענקט זיין אויג מיט אַ יונגן, אַ קוים־ראָזן ראָז.

שטייט אַ האָז ווי אַן אָדלער, זיין איטלעכער גליד
אָט־אָט פליט.

אין פרימאָרגיקן טוי אין די גראָזן — אַ האָז!

# דאָס וואָרט

אפשר איז אַזאַ וואָרט וואו דאָ,
וואָס אין אים איז אַ טאַט פאַרמאַכט,
און ס'איז דאָ ווער די טאַט זאָל טאָן,
און ס'איז דאָ ווער דאָס וואָרט האָט פאַרטראַכט.

נאָר עס דאַרבט דאָס איין־איינציקע וואָרט
אונטער פרוכטלאָזן שטאָטישן ברוק,
צי פאַרקנאָטן אין ליִב פון ניו־יאָרק, —
דעם געפורעמטן טורעם פון ברוך.

צי פון שטאָלענע פליגלען געיאָגט,
שוועבט אַרום נאָך דאָס וואָרט אין רוים,
שוועבט אַרום נאָך דאָס וואָרט, ניט געזאָגט,
וואָס אַטלאַנטיס, קאָן זיין, האָט פאַרזוימט.

# אַ צווייַגל צו דער זון

צוהאַלטן די רעכטע האַנט מיט דער האַנט דער לינקער,
זי ניט לאָזן זינקען — ווי אַ לויזער זאַנג פון סנאָפּ,
ווי עס זינקט אַ לאָמער פליגל פון אַ ווינט־מיל,
ווי פון פוסטער נעסט הענגט וויסט דער שטרוי אַראָפּ.

צוהאַלטן די רעכטע האַנט מיט דער האַנט דער לינקער,
ווי עס האַלט אַ צווייַגל צו אַ צווייַגל צו דער זון.
זי ניט לאָזן זינקען, ווי עס לאָזן זינקען
אַלטע פערד דעם סיוון האַלדז אַראָפּ צום גרונט.

# ש מ י י כ ל

ווי ס׳שלייכט אַרויס פון אַ פאַרמאַכטער בלום איר אָפּגעהיטער ריח,
טרעפט, אַז אַ שמייכל שיילט זיך אויס פון פרעמדע וויעס,
און לאָזט זיך ווי אַ שמעטערלינג ביי דיר אין האַרצן פליען,
און אין דיין בענקשאַפט בלייבט ער איינגעפאַסט ווי אַ קמיעה.

## קום

איך גיי אַנטקעגן דיינע קומענדיקע טריט
ווי ס׳ציט אַ פעלד זיך צו אַ וואַנדערער אַנטקעגן —
עס האַלט מיין שטח מיך, איך ריר זיך ניט,
נאָר פאַר דיר קירצן זיך כסדר מיינע וועגן.

און ווי אַ פעלד, אַ פריש צעאַקערטס נאָכן שניט,
ווער איך זיך ניט קעגן אַן אומריינעם ווי ריינעם קערן,
שטויס איך ניט אָפּ קיין פוס, וואָס טרעט, קיין האַנט, וואָס שיט,
און טראָג זיי אויס, די, וואָס איך מוז געבערן.

נאָר אויב עס קומט אַ טאָג, פון האַרדעס ווילדע פערד
צעטראַמפּלט, אָנמאַכטיק און פּרוכטלאָז ליגט מיין ערד —
קום מיט דיין הייליקייט, פאַרזאַם זיך ניט,
איך גיי אנטקעגן דיינע קומענדיקע טריט.

# טאַטע!

ווען איך וואָלט, טאַטע,
ניט געקלאָגט, אַז דו ביזט שטרענג צו מיר,
קיין קנאה ניט געהאַט
צו יעדן גרעזל, וואָס איז נושא חן ביי דיר,
נאָר רק געבענטשט דיין בענטשנדיקע האַנט,
וואָס האָט מיין פּנים אויסגעמיטן, —

וואָלסטו אַצינד,
ווען ס'הויבט אויף מיר די פּאָדקאָווע דער ווינט, —
פֿאַרשלאָגט מיך מיטן שוים צו יענעם ראַנד,
וואו בלעטער האַרבסטיקע שוין הערן אויף זיך שיטן
און ס'גליווערן אין אויג ניט אויסגעשיילטע טרערן, —

וואָלסטו אַצינד
אַ גלעט געטאָן מיין שטערן?

# איך ווייס

איך ווייס — מען מעג
אין יעדער ריכטונג גיין, מיט יעדן וועג.
נאָר וואו מען גייט, אַלץ נענטער, נאָנט
וואַקסט אויס דער שטריך פון האָריזאָנט,
וואו הימל פּרעסט זיין וואָג אויף דר'ערד.

איך ווייס, איך ווייס — עס איז פאַרווערט
צו בלייבן שטיין אויף דער זייט שטריך.
אַלץ, וואָס מען איז, דאָס ביסל איך —
פלעקן שאָטנס און פלעקן ליכט —
נעמט מען אַריבער צו דיין געזיכט.

און ביים אַוועקלייגן די מאָס
אַז דו וועסט פרעגן מיך — פאַרוואָס?
מעג איך צוריקפרעגן — פאַרוואָס??

# די וואָס האָבן...

די, וואָס האָבן דיך דערקענט אין יעדן שטיין,
צי אין אַ הויפן ליים, אָדער אַ שטיקל קאָרע,
זיי האָבן אַלע דיינע נעמען, אַלע פּנימער געוואוסט —
דיך אויסגעשניצט און אויסגעקריצט, געטראָגן אויף דער ברוסט,
און האָבן זיי געיאָמערט אין געוויין,
פון טרערן זייערע אויך דו ביזט פייכט געוואָרן.

די, וואָס האָבן אין די הויכן דיר געבויט אַ הויז
און בלינד צו דיר גערופן פון די תהומען,
זיי וויסן מערניט ווי דו הייסט, ווי דו זעסט אויס.
זיי שאַרן היינט אַרום איבער די רוימען,
און וויסן מערניט וואו עס איז דיין הויז.

# איך האָב מורא

איך האָב מורא פאַר דיין האַנט דער קאַלטער,
נאָך דיין אייזיקן באַריר
וועט די זון זיך אָפּקערן פון מיר,
וועל איך מער אַ בלום ניט קאָנען האַלטן.

כ׳ווייס דאָך, אַז דער וועג, וואוהין דו פירסט,
האָט ניט קיין אַרויסגעננ, נאָר איין טיר,
און דו וועסט געוויס ניט וועלן הערן,
ווען איך וועל זיך בעטן גיין צוריק,
ווייל עס לעשט זיך מיין לאַמטערן
און ס׳איז פינצטער אויף דער בריק.

## א י נ ה אַ ל ט :

I

